# פאעמעס פון ליבע און לעבן

פון אהרן מייזעלסאן

1892 - 1980

New York

אין אייביגן אנדענק



Aaron Miselson & son Alex
taken in front of the building on Sanford Ave.
where they lived, in late September 1980
Five weeks before Aaron passed away



Reading on his residence terrace
1976



Upstate New York on vacation
1952



After Marriage
N.Y. 1920

# אַ וויזיע

פֿאַרגאַנגען זײַנען פֿיל מעת־לעתן,
זינט איך האָב מײַן ברײַנעלען פֿאַרלאָרן;
איך קען זי קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן!
זי איז מיט מיר אין מײַן זכרון.

עפּעס מערקווירדיק האָט מיר פּאַסירט -
איך זע, אַ בילד הייבט אָן דערשײַנען;
דעם גאַנצע צימער האָט ס׳בילד באַצירט
און איך דערזע דאָרט באַלד מײַן ברײַנען.

זי שטייט און קוקט אויף מיר דערשלאָגן,
און איך - איך זיץ ווי אויסגעלאָשטן;
כ׳האב געוואָלט איר עפּעס זאָגן -
נאָר ס׳האָט מיר אויסגעפֿעלט דאָס לשון.

די גאַצע וויזיע האָט געדויערט
געציילטע עטלעכע סעקונדן;
איך בין פֿאַרבליבן שטאַרק פֿאַרטרויעט,
און מײַן האַרץ איז פֿול מיט ווונדן...

# A Vision

Many days and nights have passed
Since my dear Brayna's gone from me;
Forgetting her is much too hard,
She's part of every memory.

I had a strange experience,
I saw what no one ever could:
The room became a picture frame,
Within its borders — Brayna stood..

She looked at me with eyes so sad
While I sat limply in my chair;
I wanted so to speak to her
But all I did was stare and stare.

The vision quickly disappeared
And left me with its sad remains:
A wounded heart, a bleeding soul,
A memory filled with woe and pain.

# יזכור־בוך: באָברויסק

אונדזער ליבע שטאָט באָברויסק
מיט ייִדיש לעבן האָט געברויזט;
געווען איז זי אַלע מאָל
אַן אמתע עיר־ואם־בישראל.

מיט מתנגדים און חסידים,
גימנאַזיסטן און תּלמידים;
מיט רביים און רבנים,
מיט ישיבֿות און למדנים,
אַ שטאָט מיט שולן און חזנים.

מיט אינטעליגענטן, אידעאַליסטן,
אַנאַרכיסטן, סאָציעַליסטן,
ציוניסטן און בונדיסטן.

זענען געקומען די דײַטשן, ימח־שמם,
געמאַכט אויף די ייִדן אַ פּאָגראָם;
צעשאָסן צוואָנציק טויזנט קרבנות...
אויך אין אומגעגנט אָן רחמנות.

צעשאָסן ייִדן גרויס און קליין,
געמאַכט די שטעטלעך ייִדן־ריין;
געמאַכט פֿון אַלעס עפֿר־ואפֿר,
לייענט די היסטאָריע אין יזכור־ספֿר.

# Yiskor Book: Bobroisk

Bobroisk was once a city with
A Jewish spirit all its own;
Like faraway Jerusalem,
This was a truly Jewish home.

A place with Hasidim and with their opponents,
Each group with its rabbis to lead them their way;
A place with yeshivas and secular schools,
And synagogues, shuls, where the Jews could go pray.

It had intellectuals, it had the idealists,
Anarchists, socialists, Zionists, Bundists ...
But then came the Germans, cursed be their name,
And then only ashes remained of all this.

In cold blood, they shot twenty thousand of us,
Those in Bobroisk, and those right nearby;
They killed any Jew, it mattered not who,
There was no compassion: a Jew had to die!

And when all the cities were "cleansed" of the Jews,
When none could be found wherever one looked,
Nothing remained but the story behind it,
Read all that happened in the Yiskor Book.

# נעקראָלאָג

שוין מער ווי אַ חודש אַז קאַף עליו־השלום
איז פֿאַרשווונדן פֿון אונדז אַזוי ווי אַ חלום;
אָט ערשט ניט לאַנג אונדזער מיטינג געפֿירט,
און פּלוצלונג מיט אים האָט עפּעס פּאַסירט.

אַ גרויזאַמע קרענק האָט אים אין קבֿר פֿאַרטריבן
און מיר זענען אַלע יתומים פֿאַרבליבן;
עס גלויבט זיך אונדז גאָרניט אין אונדזער זכרון
אַז מיר האָבן אים שוין אויף אייביק פֿאַרלוירן.

ער איז געווען געליבט בײַ יעטוועדער איינעם,
בײַ זײַן פֿרוי, זײַן משפּחה, זײַנע פֿרײַנד, זײַנע שכנים,
געווען געשעצט בײַ חבֿרים און קרובֿים
פֿאַר זײַנע שיינע מעשים־טובֿים.

ווער קען אונדז טרייסטן, זאָגט אַדרבא,
אַז דוד איז שון אויפֿן עולם־הבא?
עס העלפֿט ניט קיין טרייסט, עס העלפֿט ניט קיין צאָרן,
יעטוועדער מענטש איז צו שטאַרבן געבאָרן.

פֿאַר וואָס אָבער איז ער אַזוי שנעל אַוועק,
און איבערגעלאָזט אונדז אין ווייטאָג און שרעק?
פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען איז דער מלאך־המוות געקומען
און אים אַזוי שנעל פֿון אונדז צוגענומען?

מיר וועלן אים אַלע דערמאָנען מיט יראת־הכבוד
ווײַל אַן איבערגעגעבענער מענטש איז געווען אונדזער דוד
צו משפּחה, צו פֿרײַנד מיט לײַב און נשמה;
זאָל דאָס זײַן פֿאַר אונדז אַ שטיקל נחמה.

מיר זײַנען ניט פֿרום, בײַ אונדז איז תּפֿילה קיין מיטל,
נאָר מיר זאָגן אַ קדיש, אַ תּהילים־קאַפּיטל;
מיר האָבן פֿאַרלוירן אַ פֿרײַנד אַן אויפֿריכטיקן,
זאָל ער דאָרט האָבן אַ גן־עדן אַ ליכטיקן.

# Obituary

A month has passed since Koff — bless his soul,
Vanished from us like a dream in the night;
Not long ago he was chairing our meetings
When ill fate befell him — how quickly he died.

A terrible sickness carried him off
And left us all orphaned without our dear friend;
So hard to believe that it really is true,
We've lost him, we never will see him again.

Everyone loved him — his wife and his friends,
His relatives, neighbors — they all agreed
That he surely earned the respect of them all
For all of his kindly, considerate deeds.

Who can console us as we sit and grieve
Now that our Dovid is in Paradise?
No use consoling, no use lamenting,
Each man who's born unavoidably dies.

Why did he leave us so quickly, so fast,
Leaving us frightened, as death often does?
Why did the Angel of Death have to come
And take him so swiftly away from us.

We'll think of him always with honor and pride
For Dovid was to each friend and relation
A loyal, devoted and warm-hearted soul,
Let that be for us a small consolation.

We are not devout; for us, prayer is no cure,
But Kaddish and Psalms we will surely recite
For we've lost an honest and kind-hearted man,
May his days in Heaven be sunny and bright.

# אַ פֿרימאַרגן אין די קעטסקילס

אַ שלעכטע שטימונג...די וועלט איז נישטיק...
איך ווער באַהערשט פֿון אַ מעלאַנכאָליע;
איך טו זיך אָן און עס אָפּ פֿרישטיק,
און שפּאַן אַוועק אַרויף באַרג פּאַוואָליע.

די לופֿט איז זויבער, מחיהדיק־וואַרעם,
דער ווינט גלעט ווי אַ געטרײַע מאַמע;
ס׳איז שטיל אַרום, קיין שאָרך, קיין ליאַרעם,
עס באַרויִקט מיך די פּאַנאָראַמע.

די שטאָלצעביימער אין די וועלדער,
עס רירן קוים אויף זיי די בלעטער;
די רחבֿות פֿון די גרינע פֿעלדער...
אַרויף דעם באַרג איך קריך, איך קלעטער.

שוין אויפֿן שפּיץ ־ און כ׳האָב אַנטדעקט
אַ צויבער לאַנדשאַפֿט...איך שטיי און גאַף...
ווי אַ ויזיע האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט,
די מעשי־בראשית ־ וועלטבאַשאַף.

אַ פֿאַנטאַסטיש בילד ווי פֿון תּנ״ך...
איך זע הר־סיני, איך זע הר־גריזים;
און ס׳פּאַסירט מיט מיר אַ מאָדנע זאַך,
עס צעוואַקלט זיך מײַן אַטיִעזם.

איך בלײַב אין ספֿק, געפּלעפֿט, צעשטורעמט,
אָבער דאָך אַנטציקט און שטאַרק באַגייסטערט;
ווער האָט עס אַלעס אויסגעפֿורעמט?
יע, גאָט אַליין האָט עס אויסגעמײַסטערט.

# A Morning in the Catskills

I feel depressed ... the world looks gray,
Melancholy rules today;
I dress and eat — it's breakfast time
And then go out to mountain-climb.

The air is warm, I feel so free,
The breeze caresses lovingly;
It's peaceful, there's no noise, no sound,
I feel so soothed by what's around.

The trees all stand so proud and tall,
The leaves just barely move at all,
The fields are lovely — should I stop?
No, let's first climb to the top.

Once I'm there, I look and see
A magic scene in front of me,
And then — an awesome revelation:
'Tis the scene of God's Creation!

Torah images so true
— There's Mt. Sinai, Mt. Grisim too!
As I stand there small and meek,
My atheism's growing weak.

I stand uncertain and confused;
In spite of this, I'm awed and moved;
Who else could have created this?
It must be God, of course.

# אַ זעלטענער זומער-פֿרימאָרגן

שטיל ווי אַ טײַבל
וועקט מיך מײַן ווײַבל:
„שטיי אויף, דער פֿרישטיק איז פֿאַרטיק״;
די הויז אויפֿגעראַמט איז,
דער עסן באַטעמט איז,
איך זעץ זיך און עס מיר גרויסאַרטיק.

זי ברענגט מיר מײַן רעקן,
שטעלט אונטער איר בעקל,
איך גיב איר אַ קוש און זי קוויקט זיך;
איר כעס, איר צאָרן
אינגאַנצן פֿאַרלאָרן,
פֿאַרגעסן, אַז מיר האָבן צעקריגט זיך.

צום סאָבוויי איך לויף מיר,
אַ צײַטונג איך קויף מיר,
ס׳איז קיל, גאָר פֿאַרשוווּנדן די היצן;
אין האַרצן אויס בענקשאַפֿט,
אין סאָבוויי קיין ענגשאַפֿט,
ס׳איז דאָ גענוג פּלאַץ אויף צו זיצן.

אין שאַפּ איז גאָר פֿריילעך,
מען אַרבעט פּאַמעלעך,
דער בעל-הבית שרײַט: לחיים-ולשלום!
דער פֿאָרמאַן ער זינגט זיך...
מײַן זייגער צעקלינגט זיך,
אוי גוואַלד! ס׳איז געווען גאָר אַ חלום!

# A Rare Summer Morning

My wife wakes me gently:
"Breakfast is ready,"
The whole house is spotless and neat;
The hot breakfast dishes
Smell simply delicious,
I eagerly sit down to eat.

Her face shines with bliss
As she waits for my kiss
And hands me the jacket she's brought;
Her anger, her scowl
Is gone from her now,
As if she's forgotten we'd fought.

To the train I run gaily,
I buy today's daily,
It's cool out, no more summer heat;
My heart feels no pain,
No crowds on the train,
A miracle — I've got me a seat!

At work, all is merry,
We do our work slowly,
"Lekhayim! To peace!" toasts the boss;
The foreman starts singing,
My clock now starts ringing,
— A dream! That's all that it was!

# פֿריליִנג

די צײַט פֿון דעם פֿרילינג
באַהערשט איצט די וועלט,
כאָטש פֿול איז די לופֿט נאָך
מיט ווינטן, מיט קעלט.

די וועלדער נאָך נאַקעט,
אויף וועלדער קיין גראָזן;
נאָר שטורעמס און רעגנס,
און ווינטן בלויז בלאָזן.

די קוסטעס פֿאַרדאַרטע,
קיין בלעטער אויף ביימער;
כאָטש ס׳איז שוין נאָך פּסח,
שוין באַלד ל״ג בעומר.

אָ, ווען וועט דער פֿרילינג
דער אמתער קומען?
מיט בליִענדע ביימער,
מיט גראָזן, מיט בלומען.

דערפֿרייען דאָס האַרץ,
דערקוויקן די נשמה,
באַגיסן מיט זונשײַן
די מוטער־אַדמה.

## The Tardiness of Spring

Now's the time when lovely spring
Ought to rule o'er everything;
Instead, I see the air is still
Full of winds and winter chill.

The forests all are still quite bare,
The fields have no grass anywhere;
Only storms and rains I see
And strong winds blowing constantly.

The bushes look so withered, thin,
The trees still have no leaves on them;
Peysach was already here
And Lag B'Oymer's very near!

Oh, how long will we have to wait
For spring to come? It's getting late!
When will trees their blossoms show?
When will grass and flowers grow?

For only spring can thrill us all,
Only spring can quench the soul,
Only spring can bring rebirth
And pour the sun o'er Mother Earth.

# אַ פֿרילינג-שטימונג

ס׳איז פֿול די לופֿט מיט בלומען־דופֿט,
שוין זינגט דער נאַכטיגאַל.
די ביימער, גרין־געבלעטערטע
שוין בליִען איבעראַל...

עס פֿאַנגען אָן צו פֿרייען זיך
הערצער, זעלעס טריבע...
גאָר ווי נײַ־געבאָרענע
פֿאַרבענקען זיך נאָך ליבע...

עס דריקט אויך מײַן האַרץ אַ פֿאַרלאַנג,
נאָר בלויז אַ טרוים פֿאַרבלײַבט ער,
עס ווילט זיך דאָמאַנסירן מיר,
נאָר אוי! כ׳בין אַ באַווײַבטער!

## A Springtime Feeling

The flowers bloom with sweet perfume,
The nightingale's in song;
The little leaves upon the trees
Are murmuring along ...

The lonely souls now lift their heads
And smile to birds above;
Like babies fresh from mother's womb
They seek someone to love.

And even now my heart begins
To long for sweet romance;
But oh! I've got a wife back home!
I guess I'll take no chance ..

דער ייִד לויפֿט צו גלײַך
צו ר׳ לייבען, צום רבין;
„איך מוז״ זאָגט ער „אייך
אַ ישר־כּוח אָפּגעבן.

איך טו אַ נדר בציבור,
און מאַך אַ דערקלערונג:
אַז כ׳וועל מער שוין יום־כּיפּור
ניט עסן קיין הערינג...״



## חסידישע רביים

איך וועל זינגען דאָ פֿאַר אײַך
גאָר אַ ליד אַ נײַעם,
דערציילן אײַך די נסימלעך
פֿון חסידישע רביים.

פֿון פֿאָהאָסטער און פּאָקאָסטער
און פֿון דעם סאַדאַגוירער,
נסים אַזש די האָר פֿון קאָפּ
שטעלן זיך קאַפּויער.

בײַ דעם רבין פֿון בוטשאַטש,
שמחלע מאַרגוליעס,
קומט צו גיין אַ ייִד אַ קרומער
גייט נאָך אויף צוויי קוליעס.

וואַרף אַוועק די קוליעס, זאָגט
דער רבי און גלאָצט די אויגן,
ווי דער ייִד האָט אים געפֿאָלגט,
האָט ער זיך אויסגעצויגן.

איין מאָל בײַ דעם רבינס טיש
שבת בין־השמשות,
איז אַ ייִד צו שלש־סעודות
געפֿאַלן אין חלשות.

איז ווי דער רבי האט זיך נאָר
צוגערירט צום קרבן,
איז גלויבט מען יאָ צו גלויבט מען ניט,
דער ייִד איז באַלד געשטאָרבן.

טשירי בים...

HE RUNS TO Leybe, to the Rabbi,
Runs as quickly as he can:
"I must tell you, my dear friends,
How grateful to you both I am."

I want you to both to hear my oath
Although it really hurts to say:
I solemnly swear that never again
Will I eat herring on Yom Kippur Day ..."



## Hasidic Rabbis

I will sing a song for you,
A song which really is quite new,
About Hasidic rabbis and
The miracles that they lived through.

The Pohoster, the Pokoster
And the Sadagoyer* too,
Performed amazing miracles
One can't believe they're really true.

The well-known Rabbi of Buczacz,
Simkhele Margulies was his name,
Watched a Jew on crutches who
Came hobbling in (for he was lame).

"Throw down your crutches," said the Rabbi
Gazing hard at what he saw;
The Jew obeyed, and in a wink
... He tumbled down upon the floor!

Once while dining with the Rabbi
Late one Sabbath afternoon,
In the midst of Shalesh-Seudes
One Jew fell into a swoon.

The Rabbi rose to help the Jew,
Drew near to see what this could be;
Believe it or believe it not:
... The poor old Jew died instantly!

Tshiri-bim ...

*three well-known Hasidic rabbis

# אַ יום־כּיפּור נדר

יום־כּיפור צו מנחה,
אין שול אַ געטומל;
דער חזן, רב שמחה
זינגט פּיוט צום הימל.

די שול אָנגעהיצט איז,
אַן ענגשאַפּט סכּנות;
דער עולם פֿאַרשוויצט איז,
פֿאַרחלשט פֿון תּענית...

מען שטעלט זיך און מען זאָגט זיך
די שמונה־עשרה די שטילע,
בלחש צעטראָגט זיך
צום הימל די תּפֿילה.

קיין טומל נישטאָ מער...
דער עולם ווערט בלאַסער;
מיט אַ מאָל אַ געיאָמער:
„געוואַלד! גיט מיר וואַסער!"

דאס שרייַט אַ ייִד אין אַ טלית,
זייַן קאָפּ ווי געזונקען:
„געוואַלד, ייִדן, איך חלש,
גיט מיר וואַסער צו טרינקען!"

האָט לייבע דער רופֿא
אין שול דאָרט געדאַווענט;
ער איז צייַט דער מגפֿה
אין דאָקטאָריע באַהאַוונט.

„גיט אים וואַסער!" שרייַט לייבע,
„דערהאַלט אים די נשמה!"
מיט שווייַגן דער רבי
גיט אויך זייַן הסכּמה.

מען גיט אים דאָס וואַסער,
עס לעב אויף זייַנע גלידער;
צום מחזור דער בלאַסער
נעמט זיך שוין ווידער.

ער שלינגט יעדע תּפֿילה,
שלינגט זיי אָן אויפֿהער;
ס'איז שוין נאָך נעילה,
מען בלאָזט שוין דעם שופֿר.

# A Yom Kippur Vow

It's now Yom Kippur
The shul is bustling, full of noise;
The cantor, Reb Simkhe, chants the prayer
In a loud, resounding voice.

The shul is so crowded, no one moves;
So packed, it's even hard to pray;
The people — hot, perspiring,
Weakened by the fast all day.

And yet the praying does go on,
Now "Shmoyne-Esre" can be heard;
Although it's whispered silently,
God in Heaven hears each word.

The noise is gone, no strenth to talk,
The faces paler tinged with worry;
Suddenly, a cry is heard:
"Get me water! Help! Please hurry!"

A Jew wrapped in a prayer shawl
Like a ship about to sink—
His shoulders droop, his body sags
As he cries out: "I need a drink!"

Among the many Jews in shul,
Leybe the Doctor is also here:
Ever since the epidemic,
Medicine's been his career.
"Give him water!" Leybe cries,
"Let's quench his soul, relieve his pain!"
The Rabbi signals his approval
By the silence he maintains.

The Jew is given water,
His strenth is back once more.
He opens up his prayerbook
And continues as before.

Without a break, he chants each prayer
In a soft and steady drone;
Now the "Nilah" prayer is over,
Shofar is now being blown.

(continued)

# אַ ליובאַוויטשער חסיד

מײַן טאַטע, זכרונו־לברכה,
דער גאָט־זעליקער סענדער־מאָסיע;
געשטאַמט האָט פֿון פֿײַנער משפחה,
אַ בן־תּורה, נאָר אָן פּרנסה.

אָבער וואָס איז פּרנסה און געלט
ווען מען איז אַ ליובאַוויטשער חסיד?
אַ פּרוזדור איז דאָך אונדזער וועלט,
אַ מענטש לעבט דאָך נאָר פֿאַר לעתיד.

ער פֿלעגן גאַנץ אָפֿט פֿאָרן צום רבין,־
זײַן כּוונה פֿאַר יעדן פֿאַרבאָרגן;
פֿול בטחון, דער רבי זאָל לעבן,
וועט זיכער מיט אַלץ אים באַזאָרגן.

תּרי״ג אָפּגעהיט האָט מײַן פֿאָטער,
געקליבן אַלץ מצווה צו מצווה;
דעם בורא געבעטן נאָר האָט ער,
ער זאָל אים אויסהיטן פֿון קצבֿה.

געפֿאַסט האָט ער אָפֿטע תּעניתים,
זיך דערמיט עלום־הבא דערוואָרבן;
מיט אמונה אין תּחית־המיתים
איז ער בנשיקה געשטאָרבן.

אַזוי אָ געלעבט האָט מײַן טאַטע
מיט אַ תּוך, מיט אַ צוועק, מיט אַ זינען;
כ׳בין זיכער, ער טוט זיך לעת־עתה
אין גן־עדן העליון געפֿינען.

# A Lubavitcher Khosid

My father, may he rest in peace now,
Was a well-bred Jew — pious and patient;
A learned man called Sender Mosye
Who — alas — could find no occupation!

But what is a job? What is money
To a khosid who lives for his Master?
This world, after all, is a pathway,
We really live for the hereafter!

He'd make many trips to the Rabbi
With all his intentions concealed;
He was sure that the Rabbi, God bless him,
Would help when he heard his appeal.

He strove to obey all Commandments,
Engaging in kind, righteous deeds;
He asked God for only one favor:
To keep him from living in need.

My father would fast very often
For his faith in the Lord was unshaken;
And so he did not even struggle
When it was time for his soul to be taken.

Yes, this was the life of my father,
A life with a purpose, a goal.
In Heaven forever he rests now,
With permanent peace for his soul.

# ברײַנגען לזכרון.

מיר פֿלעגן גאַנץ אָפֿט זיך פֿאַרזאַמלען בײַ פֿרײַנד
און דיסקוסירן די וועלטלעכע לאַגע;
דו האָסט זיך באַטייליקט, דײַן פּנים צעשײַנט,
פֿלעגסט גאַנץ אָפֿט פֿרעגן אַ וויכטיקע פֿראַגע.

פֿלעגסט ווערן פֿאַרטיפֿט אין פֿרידנס־ענינים,
איך הער דײַנע רייד, כ'קוועל אָן פֿון דײַן שכל;
איך זע ווי עס שוועבט אויף דײַן ליכטיקן פּנים,
דײַן ליבשאַפֿט צו מענטשן, דײַן גוטסקייט, דײַן שמייכל.

כמעט אַלע נאַכט איצט זע איך דאָס בילד,
איך הער דײַנע רייד פֿאַר אַ וועלטלעכן שלום;
נאָר ווען איך כאַפּ זיך אויף, מײַן האַרץ קלאַפּט גאָר ווילד...
דו ביסט דאָך ניטאָ שוין — עס איז בלויז אַ חלום.




## In Memory of Brayna

Together with friends our time we would spend,
Discussing the state of the world without end;
When you spoke, I noticed a glow in your eyes,
The questions you asked were perceptive and wise.

You got most involved when we spoke about peace,
I listened with pride as you argued with ease;
I see you so clearly, though it's been quite a while,
Your love for mankind, your kindness, your smile.

Each night your sweet image appears before me,
I hear your wise words for a world that could be;
But when I awaken, my heart beating high,
I see your're not here - just a dream passing by.

טײַערע ברײַנע,

דו האָסט מיך פֿאַרלאָזט, שוין 15 חדשים,
עס בענקט נאָך דיר שטאַרק, מײַן יעטוועדער אבֿר,
כ׳קען אָן דיר ניט זײַן ־ און דו ביסט ניטאָ שוין;
כ׳דעק אויף אַ מצבֿה הײַנט אויף דײַן קבֿר...

איך ווייס, אַז עס איז אונדזער בונד ניט געבראָכן,
מ׳קען אונדז ניט שיידן מיט בית־עולם צאַמען;
כ׳מוז זײַן מיט דיר! איך מוז זײַן דײַן שכן!
ס׳ווילט זיך מיר שטענדיק זײַן מיט דיר צוזאַמען!

איך האָף, אַז דײַן משפּט געווען איז גאַנץ וואויל,
ביסט שוין פֿון קבֿר אַוועק אין גן־עדן;
טאָ בעט דאָרטן, ברײַנצע, בײַם מלאך־הגואל,
אַ דירה ס׳זאָל זײַן גענוג פֿאַר אונדזביידן

מיר וועלן דאַן קענען זײַן שטענדיק בײַנאַנד,
שיידן זיך ווידער, ניט זײַן וועט קיין סיבה;
און פּונקט ווי אַמאָל וועלן מיר זײַן אומשטאַנד,
קוויקן זיךביידע מיט טרײַהייט, מיט ליבע.

איך זאָרג זיך איצט פֿיל, כ׳האַלט אין איין טרויערן,
איך שטאַרק זיך דעם אומעט פֿון זיך צו פֿארטרײַבן;
כ׳וועל באַלד זײַן מיט דיר! ס׳וועט לאַנג ניט געדויערן!
דאַן וועלן מיר אייביק צוזאַמען פֿאַרבלײַבן...

דײַן געטרײַער מאַן

# My Dear Brayna

It is now fifteen months since you passed from this world,
Such long, weary months that I've spent all alone;
Each limb of mine longs for your sweet, precious touch
As today I must stand here and unveil your stone.

I know that our bond could never be broken,
No cemetery fence could ever divide us;
For as long as the bond of eternity joins us
We need only love and devotion to guide us.

I pray that the judgment on you has been just.
By now you're in Eden - yes, surely you're there!
Go then and ask of the merciful angel
To find us a home that soon we can share.

And then forever we'll live as one,
No longer could anything tear us apart!
Just as it was in the days of our youth
We'll cherish each other with love in our hearts.

I seek out the strength to shed my despair,
But the vigor I felt is now lost to me.
Don't worry, dear Brayna, I'll be with you soon
And then we'll be joined for eternity.

Your faithful husband
Aaron

# הספד פֿון פֿרײַנד משה איטקין

מיר האָבן זיך אַלע פֿאַרזאַמלט, אָפּגעבן דעם לעצטן כּבֿוד צו אונדזער פֿרײַנד און סעקרעטאַר פֿון ברענטש 206, אַהרן בר סענדער.

עס איז שווער צו רעדן וועגן אַ נאָענטן מענטשן, ווען ער ליגט אַלס מת, אָבער עס איז דאָ פֿיל צו זאָגן וועגן אים. ווען איך בין מיט אַ צענדליק יאָר צוריק געוואָרן אַ מיטגליד אין באָברויסקער ראובֿן גוסקין־אַרבעטער־רינג ברענטש 206 האָב איך געטראָפֿן אַהרנען אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. דער ברענטש איז געווען שטאַרק און די פֿירערשאַפֿט האָט מיך צוגעצויגן צו ווערן אַ מיטגליד. זײַן שמייכל און פֿרײַנדלעכקייט האָט זיך שטאַרק אָנגעוואַרעמט, און מיר זענען געוואָרן נאָענטע פֿרײַנד, חבֿרים.

ער איז אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ שטעטל מיטן נאָמען בערעזין (ניט ווײַט פֿון באָברויסק) אין אַ פֿײַנער ייִדישער אַטמאָספֿערע. ער האָט זיך גוט באַקענט מיט די שוואַרצע פּינטעלעך, אויך מיט דער רוסישער שפּראַך, וועלכע ער האָט געדענקט גאַנץ גוט. אַן אינטעליגענט פֿון דער נאַטור, אַ ליבעראַל, האָט ער מיטגעבראַכט אַ פֿײַנעם באַגאַזש פֿון קענטשאַפֿט, צוזאַמען מיטן ייִדישן וואַנדערשטעקן אין דעם נײַעם לאַנד פֿון די שטאַטן. מײַייזעלסאָן האָט געהאַט אַ שטאַרקן ווילן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, און אַליין אין דער שטיל געפּרובירט שרײַבן גאַנץ געלונגענע ייִדישע פּאָעזיע.

ער איז אויך געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער מײַסטער פֿון דערציילן מעשיות, און האָט געוווּסט מיט דעם עיקר־פּונקט ווי אויסגעצייכנט צו פֿאַרענדיגן זײַנע מעשיות.

אַלס סעקרעטאַר פֿון אונדזער ברענטש האָט ער געשריבן די פּראָטאָקאָלן אין אַ פּערזענלעכן צוגאַנג, און איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פּינקטלעך און אינטערעסאַנט.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער געשעפּט פֿיל נחת פֿון זײַן טאָכטער רענע, און ספּעציעל פֿון זײַן בן־יחיד אַלעקס. איך פּערזענלעך בין אַ שטאַרקער עדות פֿון אַלעקסעס געשפּרעכן מיטן פֿאָטער, ווו ער האָט זייער אָפּט איבערגעחזרט ליבע־אויסדרוקלן, ווי „טאַטינקע, איי לאָוו יו". ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין צײַט און מי אַכטונג צו געבן אויף זײַן טאַטינקען. אויך די טאָכטער רענע האָט זייער פֿיל אַכטונג געגעבן אויפֿן פֿאָטער. ער וועט זיי ביידן און די אייניקלעך שטאַרק אויספֿעלן. אויך וועט ער אויספֿעלן מײַן ליבער פֿרוי, מיר פּערזענלעך, יעדן איינעם פֿון ברענטש 206 און געוויס אַלע פֿאַרזאַמלטע.

בגן עדן תּהי מנוחתו, זײַן נשמה זאָל רוען אויף אייביק.

די גאַנצע משפּחה זאָל מער ניט וויסן פֿון קיין צער.

# Eulogy for Aaron Miselson

***By Morris Itkin***

We are gathered here to pay our last respects to our dear friend and secretary of Branch 206, Aaron, the son of Sender.

It is difficult to talk about someone who was once so close to us and is now no longer with us, but there is indeed much to say about him. When I first became a member of the Bobroisk Reuben Guskin Workmen's Circle Branch 206 about ten years ago, I met Aaron, who was then the recording secretary. The branch was active. His smile and kindness warmed my heart and we became very close friends.

He was born and raised in a town called Berezin (not far from Bobroisk) in a fine Jewish atmosphere. He received a thorough Jewish religious education, and also studied the Russian language which he retained quite well. By nature he was an intellectual, a liberal, and was very well-versed in many different subjects. As a result of his wanderings, he came to the land of the States. Miselson had a solid background in Yiddish literature, and privately wrote some fine Yiddish poetry of his own.

He was also an extraordinary storyteller, and knew how to end each tale with the perfect punchline.

As secretary of our Branch, he wrote the minutes with a personal touch and presented its contents in a style that was both accurate and interesting.

In his last years, he took much pride in his daughter Renni, and especially in his only son Alex. I personally have listened to Alex's conversations with his father, and often heard Alex speak lovingly to him, "Tatele, I love you." He spend much of his time taking care of his "Tatele". His daughter Renni also spent a good deal of time caring for him. His children and grandchildren will miss him terribly. My wife and I will miss him too, as I'm sure everyone in Branch 206 will, and certainly all who are gathered here will miss him.

May his soul rest in eternal peace.

May his whole family know of no more sorrow.

Outwardly sociable, civil and courteous, Aaron was inwardly a very reserved, complex person. It was difficult to fathom his thoughts, his emotional life, his desires, his needs. I wish he had been more open to his friends.

"A poet once wrote:"

The pure, the beautiful, the bright,
That stirred our hearts in youth,
The dreams of love and truth,
The longings after something lost,
The spirit's yearning cry,
The stirrings after better hopes,
These things can never die.

A highly sensitive person. Aaron must have had these dreams and longings and stirrings. I wish I had known them.

Aaron was a devoted husband, loving father and grandfather. He was highly respected by all who knew him. May he rest in peace.

# Eulogy for Aaron Miselson

***By Isidore Ginsberg***

It always saddens me when one of our old-timers passes away. And I am doubly grieved, because Aaron was an uncle for whom I had great respect.

I have always had unbounded admiration for our immigrant fathers who fought the great fights to gain admittance into an indifferent, at times hostile, society. They made life incomparably easier for their children and grandchildren. As one of these pioneers, Aaron lived through poverty, sweat-shops, two traumatic world wars, overt anti-semitism. Throughout the long struggle, he fought unflinchingly for a better life, and for a better world. And he won. He fought his greatest battle this year. He knew he was mortally ill, but he wouldn't give in. He died a fighter.

Aaron was a highly intelligent man. He was cultured, learned, our Executive Committee for many years, and Recording Secretary for the last ten. He aided in our functions, gave freely of his assistance, time, energy and advice. His shrewd observations, good sense, and wise recommendations were invariably accepted in our branch activities. His absence will be sorely felt.

Aaron was a rightly intelligent man. He was cultured, learned, and witty. I suspect he was a rebel at heart, but I never heard him break out in an impassioned speech. I knew he disliked mediocrity and stupidity, but he never was sarcastic and biting. Like in every good man's life he must have had his little nameless, remembered acts of kindness, and of love, but he was quiet about them. He never boasted.

Aaron wrote very well. When he, as recording secretary of our Bobroisker Branch, read the minutes, his concise, lucid account was always applauded by an appreciative branch membership. He spoke well, too. His speeches were usually interlarded with a "meisele" or a joke related to the topics under discussion. He was always a gentleman, helpful, and willing to assume part of the burden of leadership.

AARON MISELSON

## A Dedication In Memoriam

A loyal and loving nature
A pure and gentle mold
A proud and sterling stature
A heart and soul of gold.

A kind and cheerful bearing
A spirit from Heaven above
A life of giving and caring
To all, and for all, with love.

Alex J. Miselson

*The most fortunate son*
*who ever trod the paths*
*of this planet*

צו משה איטקין,

אַ האַרציגן און איבערגעגעבן פֿריינט,

וועמענס אונערמידליכע אַרבעט, איז פֿולשטענדיק פאַראַנטוואָרטליך,

פאַר דאָס שאַפֿן און פּובליצירן די דאָזיגע בוך.

אַ האַרצן און אויף אייביג דאַנקבאַר

אלעקב גל. מייזעלסאן

TO MORRIS ITKIN,

*true and devoted friend,*

*whose intensive and continuing efforts*

*are entirely responsible for*

*the creation and publication of this work.*

*Deep and eternal gratitude,*

Alex J. Miselson

אַלע פּאעמעס, פון דער פּובליקאַציע,

איז אָריגינעל געשריבן געוואָרן,

פֿון

# אהרן מייזעלסאן

דאָס ענגלישע איבערזעצונג איז געשאַפן געוואָרן

פֿון

„יִדיש אָן גרעניצן"

*All poems in this*

*publication were originally*

*written in Yiddish by*

*Aaron Miselson*

*English translations created*

*by*

*"Yiddish Unlimited"*

STAR COMPOSITION SERVICE
11 West 25th Street, New York, N.Y. 10010
(212) 989-1359

# Poems of Life and Love

by Aaron Miselson

*In Memoriam*

1892-1980

New York

